


א צייטונג פיר יודישע פרויען און פאמיליע.

— ערשיינט יעדע וואך —

רעדאקטארין:

פיר בעלעטריסטיק און פראווינץ-אבטהיילונג:
מ. ספעקטאר.

פיר פובליציסטיק און וויסענשאפט.
ד״ר ח. ד. הורוויץ.

פערלאג „פאלקס-בילדונג“.

אבאנאמענטס-פרייז:
עסטרייך-אונגארן: יעהרליך 7.50 קראנען,
האלב-יעהרליך . . . . 3.75 „
פירטעל-יעהרליך . . . . 1.90 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 6.80 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר 6 שילינג 6 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 8.25 פראנק.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס-צייטונג“ יעהרליך 12.50 קראנען; 11.20. מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך און פירטעליעהרליך לויט דיעזע רעכנונג.

די אדרעסע פיר עסטרייך-אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Frauenwelt“
Krakau, Krakauergasse 12.

אבאנאמענטס-פרייז פיר רוסלאנד:
יעהרליך 3 רובל, האלב-יעהרליך 1.50 רובל
פירטעל-יעהרליך 75 קאפ.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס-צייטונג“ נור 5 רובל יעהרליך, האלב-יעהרליך 2.50 רובל, פירטעל-יעהרליך 1.25 רובל.
איינצעלנע נומערן 7 קאפ. 14 העללער.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העללער.

פרייז פיר מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 קאפ. 40 העללער, 50 פעניג.

די אדרעסע פיר רוסלאנד:
Издательство „ТУШІЯ“
ВАРШАВА
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“.

Krakau, 1 Oktober 1902. | Nr. 14 | קראקוי, כ״ט אלול, תרס״ב.



## די יודישע ארבייטערין.

די וכוחים וועגען דער פרוי און איהרע רעכטע האבען נאך נישט אויפגעהערט ביז אויף דעם היינטיגען טאג. אומעדום אין לעבען, און מעהר נאך אין דער ליטעראטור, געפינען זיך נישט ווענינ מענשען, וואס טענה׳ן זיך איין מאל פאר אלע מאל, אז די פרוי געהערט צום הויז און צו דער פאמיליע און טאר זיך נית עוסק זיין מיט אנדערע געשעפטען און ארבייטען, טאר זיך אויך נית מישען אין קהל׳שע ענינים.

די טענה איז זיך טאקי א טענה; אבער דאס אמת׳ע לעבען געהט זיך אויף זיין דרך, פיהרט מיט קיינעם קיין וכוחים נישט און רייסט ארוים די פרוי מיט געוואלד פון איהר הויז, ווארפט זי אין דאס גרויסע טומעל פון דער לעבענס-מלחמה, אוועקשטעלענדיג זי טהייל-מאלס אויף די שווערסטע, אויף די סכנות׳דיגסטע ערטער פון דעם מלחמה-פלאץ. די פרוי איז היינטיגע צייטען בעשעפטיגט מיט מלאכה און האנדעל, און אפילו אין דער פאבריק פעהלט זי אויך נית.

און דאס זעהען מיר נישט נאר ביי די אומות העולם, נאר אויך ביי אונז יודען.

אונ עס שטעלט זיך ארויס, אז אין אונזער יודישען לעבען האט די פרוי בערך א גרעסערען חלק אין האנדעל, מלאכה, אונ אויך אין פאבריק-ארבייט ווי ביי אנדערע פעלקער.

לויט ווי די סטאטיסטיק פון 1897 בעווייזט, זענען צווישען יודישע בעלי-מלאכות אין רוסלאנד (חוץ פוילען) 15 פראצענט פרויען, דאס הייסט, צווישען הונדערט יודען, וואס לעבען פון האנדווערק, געפינען זיך פינפצעהן פרויען. דאס איז בערך א גאנץ גרויסער פראצענט. אבער נאך גרעסער איז דער אנטהייל פון יודישע פרויען אין פאבריקס-ארבייט.

דאס איז טאקי א וואונדערליכער פאקט: די צאהל פון יודישע פאבריקס-ארבייטער איז בכלל זעהר קליין. ווי די אייגענע סטאטיסטיק בעווייזט, האבען מיר, למשל, אין דעם זעלבען לאנד סך-הכל נישט מעהר ווי עטליכע אונ דרייסיג טויזענד ארבייטער אויף די פאבריקען. דאס איז בערך, ווען מען פערגלייכט עס מיט דעם צאהל יודען אין "תחום המושב", אין די גובערניעס וואו יודען וואהנען, נישט מעהר ווי 1% פון דער גאנצער יודישער בעפעלקערונג.

אונ צווישען אט די ביסעלע פאבריק-ארבייטער זענען דא זעהר פיעלע פרויען. צווישען דריי אונ דרייסיג טויזענד ארבייטער זענען 6586 פרויען אונ 2475 קליינע מיידלעך. גאר אונ גאר זענען פרויען 27% פון דער גאנצער צאהל ארבייטער.

די דאזיגע צאהל ארבייטערינען איז בערך זעהר א גרויסע, אונ יעדער מענש, וואס וויל פערשטעהן דאס לעבען, מוז זיך שטארק פערטראכטען אויף די פשוט'ע ציפער, ווארום די ציפערן בעווייזען אונז פיעל.

ערשטענס געבען זיי אונז צו פערשטעהן, אז די עקאנאמישע לאגע פון דער יודישער פרוי אונ פון דער יודישער פאמיליע האט זיך אין די לעצטע צייט פיעל פערשלעכטערט. דארום זעהען מיר, אז קוים האט זיך די פאבריק אביסעלע געעפענט פאר די יודען, אזוי לויפען אהין אויך פרויען, וועלכע מוזען דורך זייער ארבייט ערנעהרען זיך אליין אדער העלפען אביסעל זייערע ארעמע פאמיליעס. זיכער וואלט די פרוי נישט אויפגעזוכט די פאבריק, אז זי וואלט קענען רוהיג לעבען, ווי אמאל, אין איהר הויז אונ געבען איהרע גאנצע כחות נאר איהר פאמיליע אליין. דאס שווערע לעבען, די נויטה אונ דחקות, וואס הערשען ביי יודען, צעשטערען אבער ביסלעכווייז דעם יסוד פון דער יודישער פאמיליע אונ טרייבען ארויס די פרוי — אונ טהייל-מאלס אויך די קליינע קינדער — אויף די גאס, וואו עס הערשט די קאנקורענץ פאר דעם קיום, פאר די ארבייט.

אונ די פרוי מוז זיך דארט פלאגען, ארבייטען גלייך מיט דעם מאן...

וואס גיט אבער די פרויען-ארבייט דער יודישער פאמיליע?

דאס איז דער צווייטער פונקט, וואס מיר ווילען בעטראכטען. אז מען קוקט זיך צו צום לעבען פון אויבען-אויף, קען זיך אויסווייזען, אז עס איז גאנץ גוט פאר די פאמיליע, ווען די פרוי העלפט אביסעל דעם מאן אין זיין פרנסה. אויב דעם מאן איז שווערליך אויסצוארבייטען די חיונה פאר די גאנצע פאמיליע, איז דאך ממש א גליק פאר איהם, אז זיין פרוי איז א שטיקעל בריה אונ פערדיענט אויך אביסעל געלד, אום צו מפרנס זיין די קינדער.

אין אמת'ן אבער איז דאס פונקט פארקעהרט: די פרויען-פרנסות ברייגגען בכלל פיעל שאדען פאר די מענער אונ העלפען דער פאמיליע לחלוטין נישט. דורך דעם, וואס די פרוי הויבט אויך אן פערדיענען, מאכט זי קאנקורענץ דעם מאן אונ זיין פערדיענסט ווערד ממילא קלענער. דער מקח פון דער ארבייט פאלט, אז עס זענען צופיעל ארבייטער, וואס זוכען פערדיענען זייערע לעבענס-מיטעל מיט זייערע הענד, אונ פארקעהרט בעקומט יעדער ארבייטער מעהר, ווען עס זענען דא וועניגער ארבייטער. קומט די פרוי צו אויפ'ן ארבייטס-מארק אונ פערקויפט אויך איהרע ארבייט, אזוי מוז דער מקח

# פעליעטאן.

## ווער ווייסט?

אראמאן אין צוויי טהייל

פון

**שלום-עליכם.**

(פארטזעטצונג).

רב לייבעני פישמאן איז א גרויסער מוצלח, א בר מזל; עס געהט איהם, ווי מע זאגט, דורך טיר אונ דורך טויער; וואס א טאג ווערד ער רייכער אונ רייכער אונ וואקסט וואס ווייטער אלץ העכער אונ גרעסער. נאר צו איין זאך האט ער נישט קיין הצלחה: צו קינדער. קינדער זענען ביי איהם פאראן דווקא היבשליך, קיין עין הרע א שטיק צעהן; נאר וואס פאר קינדער! איינס ערגער פונ'ם אנדערען: אדער קאסאקע אויף איין אייגעל, אדער סע הינקט צו אויף א פיסעל, אדער טויבלעך אויף איין אויער, דרעהט מיט'ן קעפעל, שטאמעלט מיט'ן צונג, קאן נישט אויסרעדען קיין ק' אונ קיין ג': "מע האט מיר דערמאכט א שפאודעל-נייע טארטענע טאפאטע אונ צודערזאדט ברייגדען א דילדענעם זיידער מיט א דאלדען טייטעל"*). אונ אז ניט קיין קאליקע איז אזוי א טויגעניכטס, א דער רוח ווייסט וואס, אונ דערצו זענען זיי געפעסטעט, געבאלעוועט, ווילד אונ אויסגעלאסען, ווי געוויינטליך ביי פראסטע אויפגעקומענע לייט, וואו געלד שפילט נישט קיין ראלע, וואו קינדער ווערען ערצויגען אויף שפילעכלעך, נאשערייען, קאנפעקטען, וואו איטליכער טהוט זיך וואס ער וויל אונ ווען ער וויל... מלמדים אונ לעהרערס אין שטוב זענען דווקא דא גענוג; נאר ווער קוקט זיך ארום אויף זיי, אז דער פאטער איז כסדר פארטראגען אין געשעפטען, פאהרט ארום שטענדיג איבער די סקלאדען, אונ ניטעלעס נשמה איז דארטען ערגיץ, אין קעך, אין די שפייזשארנים, ביי די קנישעס מיט די קרעפלעך, ביי די גענז מיט די קאטשקעס אונ ביי דער פסח'דיגער שמאלץ?

אט אין אזא שטוב איז געבוירען געווארען אונ ערצויגען געווארען אונזער העלד פונ'ם ראמאן, אונזער דוד.

דוד'ס גליק (אדער אומגליק) — דאס וואס ער איז געווען דאס

*) מע האט מיר געמאכט א שפאוגעל-נייע קארטענע קאפאטע אונ צוגעזאגט ברענגען א גאלדענעם זייגער מיט א גאלדען קייטע".

פון אַרבייט קלענער ווערען. אויסער דעם איז די פּרוי בכלל שוואַכער פאַר דעם מאַן, זי קען מיט איהם קאָנקורירען נאָר דורך דעם, וואָס זי לאָזט זיך ביליגער בעצאָהלען פאַר די אַרבייט און זי פערדאַרבט דורך דעם די מקחים: דערפאַר זעהען מיר, אַז פּרויען-אַרבייט ווערד אומעדום בעצאָהלט אַ סך וועלוועלער ווי די מאַנסבילשע אַרבייט און דאָרט, וואו מען קען אויסקומען אָהן מענער, בעגניגענט מען זיך נאָר מיט פּרויען-אַרבייט אַליין. עס טרעפט דערפאַר היינטיגע צייטען, אַז וואו דער מאַן פלעגט אַמאָל פערדיענען גאַנץ גוט און רוהיג קענען מפרנס זיין זיין פאַמיליע, דאָרט פערדיענען איצט דער מאַן מיט דער פּרוי אין איינעם אַ סך ווייניגער און לעבען קוים בדוחק...

די פּרויען-אַרבייט פערגרעסערט טהיילמאָלס די יודישע אָרעמקייט און מאַכט דאָס יודישע לעבען נאָך שווערער און ביטערער.

דאָס איז אָבער נישט אַלץ. מיר האָבען נאָך אַ דריטען פּונקט, אפשר דער וויכטיגסטער פון אַלע.

מען קען זיך קוקען ווי מען וויל אויף די הויז-בעשעפטיגונג פון דער פּרוי, אַלץ מוז מען דאָך מודה זיין, אַז די הויזליכע ווירטשאַפט און די ערציעהונג פון קינדער זענען זעהר וויכטיגע און זעהר ניצליכע אַרבייטען. אַ פּרוי, ווען זי בלייבט אין דער היים, מעג זי זיין נישט קיין גוטע בעל-הבית'טע, איז זי דאָך בכלל אַביסעל אָבצושפּאָרען פון דער הוצאה, פערהיטען אין כמה פּרטים דעם מאַנ'ס קאָפּיקע. די פּרוי טהוט בכלל אויך אין איהר הויז אַזויגע מיני אַרבייטען, וואָס זענען פּשוט ווערט געלד. זי הייצט, באַקט, קאָכט, פעריכט די קליידער, רייניגט דאָס הויז, גוט אַכטונג אויף די קינדער — פאַר אַלע די אַרבייטען מוז מען בעצאָהלען, אויב די פּרוי, די עקרת-הבית, דאַרף אַוועק אין מאַרק אָדער אויפ'ן פאַבריק. און אַ בעצאָהלטער מענש וועט קיין מאָל נישט מאַכען אַזוי גוט די אַרבייט, ווי אַיין אייגענע בעל-הבית'טע...

היינט ווער רעדט פון קינדער-ערציעהונג ?

די מוטער מעג זיך זיין גאָר נישט געבילדעט, זי מעג זיך גאָר נישט וויסען פון דעם, וואָס הייסט אַ ריכטיגע ערציעהונג, בלייבט זי דאָך — אַ מוטער, און דאָס איז זעהר פיעל. איהר מוטער-אינסטינקט: איהרע נאַטירליכע ליעבע צו איהרע קינדער, זאָגט איהר, אָהן ביכער און אָהן יעדע וויסענשאַפט, וואָס זי ברויך צו טהון פאַר איהרע קינדער, ווי מען דאַרף זיי האָדעווען און ערציעהען. די בעסטע מאַמקע און געלעהרנטעסטע גוווערנאַנטקע קענען קיינמאָל נישט פאַרבייטען די מוטער. די ליעבע פון דער מוטער פלאַנצט זיך טיעף איין אין דאָס קינדישע האַרץ, איהרע אויפריכטיגע, ליעבעפולע זאָרג פאַר די קינדער וועקט אין זייער נשמה די איידעלסטע געפיהלע און מאַכט די קינדער בעסער, פרייער, גליקליכער.

אַז די מוטער געהט אָבער אַוועק פון הויז מחמת דחקות און אָרעמקייט, קען זי דאָך געוויס קיין מאַמקע אָדער גוווערנאַנטקע נישט נעהמען פאַר איהרע קינדער, זי לאָזט זיי איבער גאָר אָהן יעדע השגחה און די אָרעמע קינדער פערברענגען זייערע בעסטע יאָהרען אָהן יעדע לאַסקע, אָהן ליעבע, אָהן פרייד. טרויעריג און פאַסמורנע פאַרלויפט זייערע קינדערשע צייט, ווי אַ רעגענדיגער און חמאַרנער הערבסט-טאָג... די מוטער, וועלכע געהט אַוועק פערדיענען, נעהמט אָב ביי איהרע קינדער דאָס גליק פון מוטערליכער ליבע און ברענגט זיי אַנשטאַט דעם אַפּאָר אָרעמע, צעבראָכענע גראָשען.

איז דאָס נישט טרויעריג ?

און אויסער דעם אַלעם, דאַרף מען נישט פערגעסען, אַז די מוטער זעלבסט ווערד אַ סך פאַרענדערט דורך די מלחמה פון לעבען, אין וועלכער זי בעטייליגט זיך אַליין.

ביי איהר צו-הויז לעבט זיך די מוטער אין אַ קליינעם, רוהיגען קרייז, וואו עס הערשט ליעבשאַפט און טרייקייט. אין דעם שטילען ווינקעלע בילדען זיך אויס די בעסטע געפיהלען פון דער פּרוי, וועלכע האָבען אויך אַ גוטע ווירקונג אויף די יונגע קינדער.

---

ערשטע קינד ביי זיינע עלטערען און וואָס ער איז געבוירען געוואָרען נאָך אין דער צייט ווען זיי זענען נאָך נישט געוועזען אַזוי רייך, און דעריבער האָט ער נישט געקאָנט זיין אַזוי ווילד און פערדאָרבען ווי זיינע קלענערע ברידער און שוועסטער. דוד'ס גליק (אָדער אומגליק) וואָס אין מאַזעפּעווקע האָט זיך נישט געפונען קיין רעכטער לעהרער, און מחמת דוד איז געוועזען אַ גראָטען ציקאַווע יונגעל און אַלע האָבען געזאָגט אויף איהם אַז ס'איז איין עבירה, ער ווערד דאָ נעבאַך פאַרפאַלען, איז געבליבען ביי זיין פאָטער ער זאָל איהם אָפּפיהרען קיין אַדעס, איהם אָנדינגען ערגיץ אַ קוואַטיר מיט קעסט און אַ רעכטען לעהרער אויף צו אויסלעהרנען איהם אַלסדינג וואָס מע בעדאַרף.

סע פערשטעהט זיך, אַז ניט אַזוי גיך טהוט זיך עס ווי סע רעדט זיך, פריהער האָט לייבקי נישט געוואָלט הערען ניט זעהען, געלאַכט, געמאַכט חוזק פון דער גרויסער שטאָדט אַדעס מיט די דאָרטיגע לייט און מיט זייערע תכליתים, געזאָגט, אַז ער פאָהרט אויס די „גאַנצע וועלט" און ווייסט ברוך השם אַליין אַלסדינג, וואָס עס טהוט זיך. נאָר אַז גיטעלע האָט זיך פלוצים אַריינגעמישט אין מיטען און האָט אָנגעהויבען, ווי אַ יודינע, ווי אַ געטרייע מוטער, צו בעדויערען איהר קינד: „ווי אַזוי וועט ער נעבעך דאָרטען שלאָפען אין דער פרעמד ? און ווי אַזוי וועט ער נעבעך דאָרטען עסען אָהן דער מאַמע" ? האָט זיך לייבקי מיט אַ מאָל איבערגעבעטען און איז אָנגעפאַלען אויף איהר ווי געוויינטליך אַ מאַן פאַלט אָן אויף אַ ווייב, איהר אויסגעוואָרפען, אַז זי איז אַ יודינע, וואָס פאַרשטעהט נישט מעהר פון אַ קאַץ, און וואָס ווייסט נאָר האַלטען די קינדער אונטערען פאַרטוך און גענוג. ער האָט אויסגעוויזען מיט ראיות (ער איז דאָך אַזאַ מענש, וואָס פאָהרט אויס די „גאַנצע וועלט"!) אַז נאָר אין דער פרעמד, נאָר אין אַ גרויסער שטאָדט קאָן ווערען פון'ם קינד אַ לייט, און דערביי האָט ער עטליכע מאָל אָנגערופען זי „בהמה", „פערדישע קאָפּ", „נאַרישע טעלעצע" וכדומה אַ וועלכע שיינע נעמען. פאַר בזיון און פאַר האַרצווייטיג האָט זיך גיטעלע צעוויינט און געזאָגט אַז „ווען ביי איהר וועט אויסוואַקסען האָר אויף דער דלאָני, דעמאָלט וועט זי לאָזען דאָס קינד אַוועקפאָהרען דער שוואַרץ יאָהר ווייסט וואוהין!" דאָ איז שוין לייבקי געוואָרען מלא כעס, האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט'ן קולאַק אין טיש אַריין און האָט אויסגעשריגען אויף דער הויכער אָקטאַווע: „אַז דו זאָגסט אַזוי, איז דווקא דיר אויף צו להכעיס, פיהר איך איהם אָפּ קיין אַדעס — און געה לאָד מיך צום „ונתנה תוקף" !...

גיטי האָט געוואוסט גאַנץ גוט, אַז ווי באַלד איהר מאַן האָט

אין דער גרויסער וועלט אָבער, אויף דעם שרעקליכען מלחמה־פּלאַץ, וואו מען דאַרף זיך שלאָגען מיט פיעל קאָנקורענטען פאַר דאָס שטיקעלע ברויט, הערשען אָבער גאַנץ אַנדערע געפיהלען: קנאה, שנאה, פּערדרוס. דאָרט ווערד דאָס האַרץ פון דער פרוי האַרטער, בייזער, פיינדליכער צו אונז. און קומענדיג פון גאַס, ברענגט זי צוריק אין איהר הויז די טרויעריגע און ביטערע געפיהלען פון דער לעבענס־מלחמה און צושטערט דורך דעם די רוהיגקייט און גליקליכקייט פון יודישען פאַמיליען־לעבען...

די פרויען־אַרבייט האָט אָבער אויך איהרע גוטע ווירקונג אויף די פרוי. זי לערנט אוים די פרוי צו שעצען די אַרבייט, צו פערשטעהען בעסער דעם קאַמפּף פון לעבען, צו פערשטעהען בעסער די געזעלשאַפט מיט איהרע פראַגען און דאגות. די פרוי קומט אויך נעהנטער צו דער געזעלשאַפט, גלייכט זיך אוים מיט דעם מאַן און פערשטעהט בעסער זיינע אינטערעסען...

די פרוי ענדערט זיך, און די אַנדערש געוואָרענע פרוי פאָדערט פון אונז אַ גאַנץ אַנדערש בענעהמען, אַ גאַנץ אַנדערע בעטראַכטונג...

יאָ! פיעל, זעהר פיעל געבען אונז צו קלעהרען אָט די פּשוט׳ע ציפער פון יודישער פרויען־אַרבייט...

ד״ר חיים דוב הורוויץ.

---

# די פרויען־וועלט.

## I.

## אַלגעמיינע נייעס.

(אַ דראַמאַטישעס ווערק פון די רומענישע קעניגין). די רומענישע קעניגין, אָדער ווי זי שרייבט זיך אונטער אויף איהרע ווערק „קאַרמען סילוואַ", האָט נישט לאַנג געענדיגט אַ נייעס דראַמאַטישעס ווערק, וועלכעס וועט געשפּיעלט ווערען אין טהעאַטער. די מוזיק צו דעם דאָזיגען ווערק שרייבט אַ פּרינץ. קאַרמען סילוואַ איז נישט קיין גאַסט אויף דער ביהנע, איהרע ווערק „אולראַנדאַ", „די אַלמנה פון הערן דניאל" און מייסטער מאַנאָלע ווערען זעהר אָפט געשפּיעלט און דעם עולם געפעלט עס גאָר שטאַרק.

(איין אָרדען פאַר אַ פרוי). די דייטשע קייזערין האָט געגעבען דער שול אינספּעקטאָרין פרייליין מאַריע קרויזע אין קעניגסבערג (פּרייסען) אַזילבערנעם אָרדען.

(איין אַפּטהעקער־שולע פאַר פרויען). אין וואַרשאָ האָט פרוי מאַראָווסקאַ געעפענט מיט די ערלויבניש פון דעם מיניסטער פאַר פאָלקס־בילדונג אַבענד־קורסען, אין וועלכע עס ווערד געלערנט די פראַנצויזישע, לאַטיינישע און דייטשע שפּראַך, מיט די פרויען, וואָס ווילען אַנקומען אין איין אַפּטהעק. אויף די דאָזיגע קורסען נעהמט מען אַריין שילערינען, וועלכע האָבען געענדיגט אַ גימנאַזיום.

(אַ מעדכען־שולע פאַר 15 נאַציאָנען). איז די אַמעריקאַנישע האָך־שולע פאַר פרויען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל געפינען זיך שילערינען פון 15 פערשיעדענע נאַציאָנען און גלויבענס. די דאָזיגע שילערינען העלפען אַ סך מיט צו פערברייטען די בילדונג אין די מזרח לענדער. איינע פון די שילערינען, וועלכע האָט געענדיגט די האָך־שולע האָט געגרינדעט אַ מעדכען־שולע אין אַלבאַניען; איינע האָט זיך בעזעצט אַלס דאָקטאָר דער מעדעצין אין אַזאַ געגענד וואו עס האָט געפעהלט אַ דאָקטאָר פאַר פרויען.

(אַ זונטאַג־שולע פאַר פרויען). פאָריגען זונטאַג האָט זיך אין וואַרשאָ געעפענט די ערשטע זונטאַג־שולע פאַר פרויען, אין וועלכע עס ווערד געלערנט האַנד־אַרבייט. די פּראָגראַמע פון דער דאָזיגער שולע איז די אייגענע וואָס אין איין עלעמענטאַר שולע. געלערנט ווערד אין דער דאָזיגער שולע אַלע זונטאָג פון 2 דעם זייגער ביז 5 ביי טאָג. מעהרערע פרויען, וואָס האָבען אין וואַרשאָ וועש־פאַבריקען, אין וועלכע עס אַרבייטען פיעל מיידלעך, האָבען זיך מתחייב געוועזען צו צאָהלען אַ הילף לעהרן־געלד פאַר זייערע מייסטערינען, וועלכע האָבען זיך פערשריעבען אין די שולע. אַזויגע שילערינען זענען שוין דאָ איין ערך פון 80 מיידלעך. די אַנדערע העלפט וועלען צאָהלען די שילערינען פון זייער אייגענער קעשעניע צו 50 קאָפּעקען אַ חודש. ביי דער שולע איז אויך אָרגאַניזירט אַ בעשטענדיגע מעדיצינישע הילפע, ווען עס ווערד חס ושלום ווער קראַנק פון די שילערינען, פאַר וועלכע מען דאַרף נישט צאָהלען.

(דער צווייטער קאָנגרעס געגען שענדליכען האַנדעל). פון דעם 7 ביז דעם 9 טען אָקטאָבער וועט אין פראַנקפורט אַם מאַין זיין דער צווייטער קאָנגרעס געגען שענדליכען האַנדעל. דער פּרעזידענט פון דעם קאָנגרעס איז גראַף א. פאָן בערנשטאָרף. אויף דעם קאָנגרעס וועלען בעשפּראָכען ווערען אַלע פּראָיעקטען, וואָס די דעלעגירטע וועלען פאָרטראָגען ווי אַזוי אויסצוראָטען דעם דאָזיגען האַנדעל, די מיטלען וועלכע מען דאַרף, מיט דער הילף פון די רעגירונגען, דערצו געברויכען. אויף דעם קאָנגרעס וועלען זיין דעלעגירטע כמעט פון אַלע אייראָפּעאישע לענדער.

(אַ געזעלשאַפט פון פרויען פאָרמאַצעפּטען). אין פּעטערבורג איז פאָרגעטראָגען געוואָרען אַ פּראָיעקט צו גרינדען אַ געזעלשאַפט פון פרויען פאָרמאַצעפּטען.

---

ווען גאָר נישט פון די אַלע גרויסע זאַכען. אַ יידענע... — (only the following is on the right column below)

שוין געגעבען אַ זעץ מיט׳ן קולאַק אין טיש אַריין און רעדט שוין אויף דער הויכער אָקטאַווע, וועט איהר שוין העלפען ווי אַ טויטען באַנקעס; עס וועט שוין מוזען זיין אַזוי ווי — ער זאָגט... אינ׳ם יודישען לעבען שפּיעלט דער „ער" אַ גרויסע ראָלע. אויב דער „ער" איז איין איידעלער יוד, וואָס קאָן לערנען, מוז זי דאָך איהם גלאַט אָבגעבען כבוד, וואָרום אין זיין זכות קאָן זי האָבען אַ שטיקעל חלק עולם הבא. און טאָמער איז דער „ער" אַ פּראָסטער נפש, נאָר גלאַט אַ יונג מיט ביינער, ליגט זי נעבאַך, אוי, ניין איילען אין דער אדמה, וואָרום וואָס פאַר אַ ווערט האָט אַ ווייב ביי אַ פּראָסטען מענשען, אָהן בילדונג, אָהן וויסענשאַפט, און אָהן אייגענעם פערשטאַנד? אומעדום און אַלע מאָל בעווייזט אַרוים דער „ער", אַז ער איז ער און זי, וואָס איז זי מישטיינס־געזאָגט? אַ „זי" און ווייטער גאָר נישט... זעלטען טרעפט זיך אַזאַ מין „זי", וואָס זי איז מעהר איין „ער" איידער אַ „זי"... אָ! דעמאָלט רעכענט זי זיך אָפּ פאַר אַלע איהרע אָרעמע שוועסטער און בעגראָבט דעם „ער" טיף־טיף אין דער ערד אַריין, אַז אָך און וועה איז צו זיינע יאָהר און טעג!...

(פאָרטזעטצונג קומט).

II.

# יודישע נייעס.

(וואהנרעכט פאר אקושערקעס). דער סענאט האט ערקלערט, אז דער נייער געזעץ וועגען אקושערקעס האט גאר נישט אנדערש געמאכט דאס וואהנרעכט פאר יודישע אקושערקעס און סאי די וואס ענדיגען אקושערקע פון דער ערשטער מדרגה, סאי די וואס ענדיגען פון דער צווייטער מדרגה האבען דאס רעכט צו וואהנען אין גאנץ רוסלאנד.

(א גרויסע נדבה). פרוי גאלדשמיד, א טאכטער פון דעם פערשטארבענעם ראטשילד אויס פראנקפורט, האט מנדב געווען זעכציג טויזענד פראנק אויף פערשיעדענע צדקות, אין דעם באדע ארט ס"ט מאריץ אין שווייץ. היינטיגעם יאהר איז געווארען 25 יאהר זייט די גוטהערציגע פרוי בעזוכט דעם באדע ארט ס"ט מאריץ.

---

# א גוט הארץ.

(א בילד).

חיה־ביילע האט איין אייגענעם שליסעל צו דער ווייבערשער שוהל.

צוליעב אזא פרומע און גוטע יודענע און צוליעב די פינף קאפיקעס, וואס זי גיט דעם שמש יעדען פרייטאג, האט ער מסכים געווען צו מאכען פאר איהר בעזונדער א שליסעל צו דער ווייבערשער שוהל.

און זי קומט אין שוהל אריין, ווען דער שמש שלאפט נאך אין דער מאנסבילשער שוהל, אויף א טיש צוגערוקט צום אויבען, זי שליעסט אויף אליין די ווייבערשע שוהל, ווען אלע שלאפען נאך.

מילא מאנסבילען האבען פאר זיך די תורה, מיט זייער איין שעה־לערנען קענען זיי זיך אלץ קויפען; אבער זי, א יודענע, מיט וואס קאן זי אויסנעהמען ביי גאט.

און ווידער אויך: צו פעהלט אויס א מאנסביל אין שוהל צו זיין? ווען ער וויל און וויפיעל ער וויל — אפילו שמחות מאכען און אביסיל בראנפען טרינקען אין שוהל... אבער א יודענע, ברוך־השם, קאן נאר די צייט פון דאווענען אין שוהל געפונען זיך, אין דעם מקום־קדוש — און מעהר ניט. דעריבער זעהט חיה־ביילע וואס לענגער צו מאכען די צייט פון דאווענען: ביי איהר הויבט זיך אן די צייט פיעל פריהער.

ווינטער. צוויי שעה פאר־טאג.

חיה־ביילע האט שוין איהר קורצען אויבער־מלבוש אנגעטהון אויף זיך און דעם טשיפיק אויפ'ן קאפ — די לעצטע יאהרען האט מען זי שטענדיג געזעהן מיט דעם טשיפיק אויפ'ן קאפ ביי אלע וועטערן, גוטע אדער שלעכטע.—זי צינדעט אן איהר לאמטערן, נעהמט דעם שטעקען אין דער האנד און געהט פון שטוב ארויס. דרויסען איז פינסטער, דאס געסיל זעהט אויס ווי פערשלאפען אונטער דעם נידעריגען טונקעלן און קאלטען הימעל, און די קליינע, נידעריגע שטיבליך, פערשאטענע מיט שנעע זעהען אויס, ווי לעבענדיגע עלענדע ברואים, וואס האבען אין א קאלטע און טונקעלע מדבר פערבלאנדזעט, און אויפ'ן וועג איינגעדרימעלט.

קאלט און פינסטער, נאר דאס פייערל פון לאמטערן ווארפט א לאנגען און שמאלען שיין איבער'ן שנעע אויפ'ן וועג, און דער שטעקען הילעכט. קלאפענדיג אויף דער פערפרוירענער ערד און דאס קלאפען מאכט חיה־ביילען פרעהליכער, עס פערטרייבט דאס עלענדקייט, וואס פיהלט זיך דא ארום.

נאר היימישער און זיכערער פיהלט זיך חיה־ביילע אין שוהל־הויף אריין קומענדיג, באלד געהט זי ארויף די טרעפ מיט גיכע טריט און מיט שמחה, אט שליעסט זי אויף די שוהל־טהיר, טרעט אריבער דעם שוועל, טהוט זיך אבויג מיט הכנעה און זאגט: "מה־טובו!" — אויסענווענדיג, ווי א מאנסביל.

זי האט אין פרומקייט זייער פיעל נאכגעטהון די מאנסבילען.

פונ'ם ציטערענדען פייערל אין איהר לאמטערן הויבען אן די שאטענס זיך צו בעוועגען, באלד שארען זיי זיך אוועק פון טהיר, ווייטער, ווייטער איבער'ן פאדלאגע. און, אז חיה־ביילע שטעלט אוועק דעם לאמטערן אויף א טיש, הויבען זיך באלד אויף די שאטענס און לויפען אוועק אויף די ווייטעסטע טישען און בענק.

זי צינדעט אן דעם הענג־לאמפ איבער דעם מיטעלסטען טיש, און בענעהמט זיך ביי דעם ווי א יודענע, א בעל הבית'טע: זי ווישט אויס פריהער דאס גלעזעל מיט'ן פארטוך און טהוט עס אן. פון דעם גרעסערן פייער צולויפען באלד די שאטענס, זיי געבען אויף אמאל א שפאר אין וואנד אריין, גלייך, ווי זיי ווילען איהר דורכזעצען, און פערגראבען זיך אין איהר טיעף איגעווייניג... און אז חיה־ביילע קוקט זיך ארום, זעהט זי שוין מעהר קיין שאטענס, נאר איינער, וואס האט זיך פון אויבען אויפ'ן שפאלט אין וואנד צולעגט, פון יענער זייט, וואס צו דער מאנסבילשער שוהל צו. און דערפון ווייסט זי, אז אין שוהל איז נאך פינסטער און דער שמש שלאפט.

דענסטמאל בעקומט זי איהר בינטעל ספרים, וואס ליגט אויף אויף א פענסטער, — א דיקער קרבן־מנחה, א תהלים מיט מעמדות, אויף עברי־טייטש, א "צאינה־וראינה" און א גאנצער אוצר "תחינות",— זי עפענט אויף דעם תהלים און הויבט אן איהר "יום" צו זאגען.

אין דער מאנסבילשער שוהל איז נאך פינסטער, דורכ'ן שפאלט זעהט זי דעם שאטען ליגען דארט אויפ'ן וואנד, און דא ביי איהר איז שוין ליכטיג, זי איז די ערשטע צו גאט געקומען, און אליין, אונגעשטערט פון קיינעם אין איהרע מחשבות, קאן זי איהר הארץ אויסגיעסען!

אליין איז זי דא אט אין דער שטילקייט. ארום הערט זי זעלבסט איהר קול אבהילכען פון די ווענד און איהר תחנונים'דיגען נגון, און דאס בעגייסטערט איהר אלע מאל מעהר און מעהר, אלע מאל בעט זי גאט הארציגער און הארציגער.

און צו בעטען האט זי גענוג.

א פשוטע יודענע, אין וואס האט זי, נעביך, איהרע יאהרען

פֶערְבְּרַאכְט?.. צִי הָאט זִי תּוֹרָה גֶעלֶערְנְט, וִוי אִיהר מַאן — לִיכְטִיג זָאל אִיהם דָארְט זַיין! — עֶר הָאט טַאקִי זַיין בִּיסִיל יָאהרֶען נָאר גֶע־לֶערֶענְט אוּנ גֶעלֶערֶענְט? צִי הָאט זִי חָאטְשׁ מִיט אִיהר פֶערְדִיעֶנְסְט גֶעקֶענְט זַיין שְׁוַואכֶען לֶעבֶּען אוֹיפְהַאלְטֶען, אַז עֶר זָאל ווִידֶער לֶערְנֶען אוּנ גָאט דִיעֶנֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט? צִי הָאט זִי גָאר אַזֶעלְכֶע זְכוּתִים פַאר גָאט, וִוי אַנְדֶערֶע פְרוֹיעֶן, וָואס הָאבֶּען קִינְדֶער — לוֹמְדִים אוֹיסְ־גֶעהָאדֶעוֶועט — וִוי חַאשֶׁע חַיִים'ס, וָואס הָאט אַ זוּהן אַ רַב?

נֵיין, רִבּוֹנוֹ־שֶׁל־עוֹלָם, נֵיין! זִי הָאט נִיט פֶערְדִיעֶנְט בַּיי גָאט: אִיהר שָׁלוֹם אִיז אֵיין עֶהרְלִיכֶער יוּד אוּנ הִיט אָב אַ דַאוְונֶען, אָבֶער עֶר אִיז נֶעבִּיךְ אַ מְטוּפָּל מִיט קִינְדֶער אוּנ בְּרוֹיכְט צוּ הָארֶעוֶוען טָאג אוּנ נַאכְט, הֶעלְף זֵיי, גָאט, אוּנ זָאלֶען שׁוֹין דִי אֵיינִיקְלִיךְ אִין ״יוּדִישְׁקֵייט״ אוֹיסְוַואקְסֶען.

אוּנ זִי בֶּעט ווִידֶער — אַךְ, ווִיפִיעל מֶען דַארְף נָאךְ בֶּעטֶען פוּן גָאט! ווִיפִיעל צָרוֹת אִיז נָאךְ דָא אוֹיף דֶער וֶועלְט — עֶרְבַּארֶעם זִיךְ שׁוֹין טַאקִי, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם!

מֶען דַארְף פַאר פְרֶעמְדֶע בֶּעטֶען, וִוי פַאר אֵייגֶענֶע . . .

אוּנ פִיעל זֶעהר פִיעל דֶערְצֶעהלְט זִי אִין אִיהר תְּהִלִּים אוּנ פְרֶעגְט: ״וָואס וֶועט זַיין, גָאטֶענְיוּ, אוּנ וֶוען וֶועט דָאס שׁוֹין זַיין?״

— חַיָה בְּרַיינֶע, דָאס זֶענְט אִיהר, חַיָה בְּרַיינֶע? — שְׁרַייט דֶער שַׁמָשׁ פוּן דֶער מַאנְסְבִּילְשֶׁער שׁוּהל, אוֹיפְהוֹיבֶּענְדִיג זִיךְ פוּן זַיין שְׁלָאף. יֶעדֶען טָאג, עֶרְוַואכֶענְדִיג פוּן אִיהר הוֹיכֶען תְּהִלִּים־זָאגֶען, פְרֶעגְט עֶר דִיזֶעלְבֶּע פְרַאגֶע אוּנ בֶּעקוּמְט דֶעם קוּרְצֶען עֶנְטְפֶער:

— אִיךְ.

אוּנ לַאנְג, לַאנְג אִיז חַיָה בְּרַיינֶע אִין שׁוּהל.

(פָארְטְזֶעצוּנְג קוּמְט).

לִיפְּמַאן לֶעוִוין.

---

II.

# קִינְדֶערְשֶׁע צֵייהְנֶער.

דִי מוּטֶער שְׁרֶעקְט זִיךְ פַאר ״שְׁוֶוערֶע צֵייהְנְדְלֶעךְ״, וִוי פַאר אַ ״יוֹם־הַדִין״, וִוי פַאר מָאזְלֶעךְ צִי פָּאקֶעלֶעךְ, חָלִילָה... צִי זֶענֶען טַאקִי אַזוֹי אָפְט שְׁוֶוערֶע צֵייהְנְדְלִיךְ בַּיי קִינְדֶער?

— וֶוען דָאס קִינְד קְלָאגְט זִיךְ אוּנ אִיז אוּנְרוּהִיג, ס'שְׁלָאפְט נִיט אוּנ נֶעמְט נִיט זוֹיגֶען, זָאגְט דִי בָּאבֶּע, אַז ״דָאס אִיז אוֹיף צֵייהְנְדְלִיךְ״... דִי מוּטֶער וַוארְט אָב מִיט אַנְגְסְט אוּנ שְׁרֶעק אִין הַארְץ בִּיז דָאס וֶועט ״אַרִיבֶּער גֶעהְן״, אוּנ וֶוענְדֶעט זִיךְ שׁוֹין נִיט צוּ אַ דָאקְטָאר, צִי שְׁטַאמֶען אָבֶער דִי אַלֶע ״אוּנְגְלִיקֶען״, וִוי דִי בָּאבֶּעס זָאגֶען פוּן צֵייהְנְדְלִיךְ? צִי בֶּעשׁוּלְדִיגְט מֶען נִיט דִי קְלֵיינֶע וַוייסֶע קִינְדֶערְשֶׁע צֵייהְנְדְלִיךְ אוּמְזִיסְט אוּנ אוּמְנִישְׁט?

דָאס ״צֵייהְנְדְלֶען״ אִיז אַ נַאטוּרְלִיכֶער פְּרָאצֶעס, וָואס קוּמְט פָּאר אִין דֶעם ״קִינְדֶערְשֶׁעם״ אָרְגַאנִיזְם, אוֹיפְ'ן 6—7־טֶען מָאנַאט נָאכְ'ן גֶעבּוֹירֶען הוֹיבֶּען אָן, גֶעוֶועהְנְלִיךְ, בַּיי דֶעם קִינְד אוֹיסְצוּשְׁנַיידֶען זִיךְ צֵייהְנְדְלִיךְ, אוּנ בְּעֶרֶךְ צוּ דְרִיטְהַאלְבֶּען יָאהר זֶענֶען שׁוֹין דָא בַּיי אִיהם אַלֶע צֵייהְנְדְלִיךְ אִין מוֹיל. עַל פִּי רוֹב שְׁנַיידֶען זֵיי זִיךְ אוֹיס פָּאר־וַוייז: פְרִיהֶער פוּן אַלֶע שְׁנַיידֶען זִיךְ אוֹיס דִי צְוֵויי מִיטֶעלְסְטֶע ״שְׁפִּיעֶגֶעל־צֵייהְנֶער״ אִין דֶער אוּנְטֶערְשְׁטֶער צַייל, אוּנ אִין צְוֵויי—פִיעֶר וָואכֶען אַרוּם שְׁנַיידֶען זִיךְ אוֹיס דִי צְוֵויי מִיטֶעלְסְטֶע ״שְׁפִּיעֶגֶעל־צֵייהְנֶער״ אִין דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער צַייל. נָאכְדֶעם וַואכְסֶען אוֹיס דִי זַייטִיגֶע שְׁפִּיעֶגֶעל־צֵייהְנֶער — אוּנ דַוְקָא פְרִיהֶער אוֹיבֶּען אוּנ שְׁפֶּעטֶער אוּנְטֶען. נָאךְ זֵיי קוּמֶען דִי עֶרְשְׁטֶע קְלֵיינֶע בַּאבְּקֶעס, פְרִיהֶער אִין דֶעם אוּנְטֶערְשְׁטֶען צַייל, שְׁפֶּעטֶער — אִין דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען. נָאךְ זֵיי שְׁטֶעלֶען זִיךְ אַרַיין דִי ״קְלִיקֶעס״, אָדֶער ״אוֹיגֶען־צֵייהְנֶער״, וִוי דֶער עוֹלָם רוּפְט זֵיי, — צְוִוישֶׁען דֶער עֶרְשְׁטֶער קְלֵיינֶער בַּאבְּקֶע אוּנ צְוִוישֶׁען דֶעם זַייטִיגֶען שְׁפִּיגֶעל־צָאהְן. דִי קְלִיקֶעס וַואקְסֶען אוֹיךְ אוֹיס פְרִיהֶער אוּנְטֶען נָאכְדֶעם אוֹיבֶּען. אוּנ אַזוֹי כְּסֵדֶר שְׁנַיידֶען זִיךְ אוֹיס אַלֶע צְוַואנְצִיג מִילְךְ־צֵייהְנֶער. אַזוֹי וַואקְסֶען זֵיי, וֶוען עֶס גֶעהְט אַלְץ כְּשׁוּרָה.

נָאר עֶס טְרֶעפְט אוֹיךְ אַנְדֶערְשׁ.

עֶס טְרֶעפְט, לְמָשָׁל, אַמָאל אַז אַ קִינְד וֶוערְד גֶעבּוֹירֶען מִיט דִי אוּנְטֶערְשְׁטֶע שְׁפִּיעֶגֶעל־צֵייהְנֶער. אֵיינִיגֶע בֶּערִיהְמְטֶע מֶענֶער אִין דֶער גֶעשִׁיכְטֶע, וִוי מַאזַארִינִי אוּנ מִירַאבָּא, זֶענֶען גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען מִיט ״שְׁפִּיעֶגֶעל־צֵייהְנֶער״.

עֶס טְרֶעפְט אוֹיךְ, אַז צֵייהְנְדְלִיךְ וַואקְסֶען אוֹיס שְׁפֶּעטֶער וִוי גֶעוֶועהְנְלִיךְ. לוֹיט וִוי מֶען הָאט בֶּעמֶערְקְט, זֶענֶען אַזֶעלְכֶע ״פֶערְשְׁפֶּעטִיגְטֶע״ צֵייהְנְדְלִיךְ בֶּעסֶערֶע אוּנ שְׁטַארְקֶערֶע, וַוייל מִיטְ'ן עֶלְטֶער שְׁטַארְקְט זִיךְ דֶעם קִינְדְ'ס גוּף.

אִם־כֵּן, זָאלֶען יֶענֶע מוּטֶערְס קֵיין צַעַר נִיט הָאבֶּען, וֶוען בַּיי זֵייעֶרֶע קִינְדֶער שְׁנַיידֶען זִיךְ אוֹיס דִי צֵייהְנְדְלִיךְ שְׁפֶּעטֶער.

אָבֶער עֶס קֶען טְרֶעפֶען, אַז דִי צֵייהְנְדְלִיךְ פֶערְשְׁפֶּעטִיגֶען מַחֲמַת דֶער עֶנְגְלִישֶׁער קְרַאנְקְהֵייט וָואס דָאס קִינְד הָאט אוּנ דָאס אִיז שׁוֹין טַאקִי קֵיין שִׂמְחָה נִיט...

חוּץ דֶעם וַואקְסֶען אוֹיס דִי פֶערְשְׁפֶּעטִיגְטֶע צֵייהְנְלִיךְ, מֶעהְרְסְטֶענְ־טְהֵייל, צוּ דְרַיי—פִיעֶר פָּאר אוֹיף אַמָאל, — אוּנ דָאס אִיז שׁוֹין שְׁוֶוער פַאר'ן קִינְד.

בְּשַׁעַת דִי צֵייהְנְדְלִיךְ שְׁנַיידֶען זִיךְ אוֹיס, וֶוען אֲפִילוּ דָאס קוּמְט פָּאר נָאר כְּשׁוּרָה, אִיז דָאס קִינְד אוּנְרוּהִיג, וָוארוּם עֶר לַיידְט שְׁמֶערְצֶען דוּרְךְ דֶעם, וָואס דֶער שַׁארְפֶער בְּרֶעג פוּן צֵייהְנְדִיל דְרִיקְט אָן פוּן אִינֶעוֶוענִיג אוֹיפְ'ן יַאשְׁלֶע אוּנ שְׁנַיידְט זִי דוּרְךְ, כְּדֵי אַרוֹיסְצוּגֶעהְן.

(פָארְטְזֶעצוּנְג קוּמְט).

דֶענְטִיסְטִין ג. צִיפִּין־לֶעוִוין.

---

# פַאר דִי בַּעַל־הַבָּיִת'טֶעס.

---

## אַיינְשְׁפָּארֶען.

— ״וִוי קָאן אִיךְ שְׁפָּארֶען?״ דִי שַׁאֲלָה פְרֶעגְט אָפְט יֶעדֶע פְרוֹי, אַזוֹי אָפְט וִוי זִי פְרֶעגְט: ״וָואס זָאל זִיךְ הַיינְט קָאכֶען?״ דָאס פְרֶעגְט יֶעדֶע פְרוֹי, וָואס ווִיל, אַז דֶעם מַאנְס שְׁוֶוער אָנְגֶעהָארֶעוֶועטֶע גֶעלְד זָאל נִישְׁט אַוֶועק גֶעהְן בְּחִנָם. אוּנ אַזוֹי, וִוי מֶען קֶען נִישְׁט אַרוֹיסְגֶעבֶּען אַ קָאךְ־בּוּךְ פַאר אַלֶע פְרוֹיעֶן גְלַייךְ, וַוייל יֶעדֶע פְרוֹי קָאכְט לוֹיט וִוי דִי קֶעשֶׁענִיֶע עֶרְלוֹיבְּט, אַזוֹי קֶענֶען אוֹיךְ דִי אִיבְּרִיגֶע הוֹצָאוֹת אִין שְׁטוּב אַיינְגֶעאָרְדֶענְט וֶוערֶען נָאךְ דִי פֶערְדִיעֶנְסְט אוּנ הַכְנָסוֹת, וָואס דִי פַאמִילִיֶע הָאט. אוּנ עֶס אִיז דֶערִיבֶּער שְׁוֶוער אַרוֹיסְצוּגֶעבֶּען אַ כְּלָל אִין הוֹיזְוִוירְטְשַׁאפְט, וָואס זָאל קֶענֶען גִילְטֶען פַאר אַלֶעמֶען גְלַייךְ.

פון דעסטוועגען וועלען מיר זיך פּריוועןצו בעלעהרען אונזערע בעל־הבית׳טעס, ווי איינצואָרדנען די ווירטשאַפט אין שטוב, אַז די הוצאות זאָלען נישט זיין מעהר פון די הכנסות.

אַזוי גוט, ווי יעדע מלוכה מאַכט אַלע יאָהר דעם חשבון פון איהרע הוצאות אונ הכנסות, כדי צו וויסען, ווי צו האַלטען די אָרדנונג אין דער מדינה; אַזוי גוט ווי יעדער קויפמאַן פיהרט זיינע ביכער אויף אַזאַ אופן, אַז ער זאָל צו יעדער צייט קענען וויסען, ווי אונ וואו האַלטען זיינע געשעפטען, אַזוי מוז יעדע פאַמיליע וויסען, וואו זי האַלט אין דער וועלט, אונ קוים בעמערקט די בעל־הבית׳טע, אַז די הוצאה איז צו גרויס, מוז זי זעהן אַ ביסעל שפּאָרעוודיגער, אַ ביסעל קאַרגער צו לעבען אונ צו דעם מוז מען האָבען אַ „הויז־בוך“. שרעקט זיך נישט, איהר דאַרפט דערצו נישט לערנען קיין דאָפּעלטע איטאַליענישע בוכהאַלטעריע, נישט פיהרען קיין קאָנטאָ־ביכער, עס איז גענוג, אַז מען זאָל פיהרען אַ פּראָסטען „הויזהאַלטונגס־בוך“, אין וועלכען עס זאָלען איינגעשריבען ווערען אַלע הוצאות פון דער ווירטשאַפט, יעדען חודש קען מען אין אַ משך פון אַ האַלבע שעה נאָכזעהען ווי גרויס די הוצאה איז אונ פערגלייכען עס מיט דער הכנסה.

בערעכענען פאָראויס די הוצאה קען קיין מענש נישט, געוועהנליך קומט תמיד אויס, אַז עס מאַכען זיך אין חודש אַזוינע הוצאות, אויף וועלכע מען האָט פריהער גאָר נישט גערעכענט. נאָר ווען אַ בעל־הבית׳טע פיהרט איהר „הויז־האַלטונגסבוך“ אַ גאַנץ יאָהר, ווייסט זי שוין איינצופיהרען אַזאַ סדר אין איהר בעל־הבתּישקייט, אַז עס זאָל ביי איהר קיין איבריג געלד נישט אַוועקגעהן.

דאָס „הויז־האַלטונגס־בוך“ מאַכט מען אויף אַזאַ אופן:

מען לאָזט זיך איינבינדען אַ בוך פון געליניִרטע פּאַפּיר, אַז יעדע זייט זאָל האַלטען עפּעס מעהר ווי אַ געוועהנליכער פערטעל פּאַפּיר אונ עס זאָל זיין בערך איבער 200 זייטען, מיט אַזאַ בוך קען מען אויסקומען די גאַנצע הונדערט אונ צוואַנציג יאָהר. פאַר יעדעס יאָהר בענוצט מען צוויי זייטען. די זייטען מוזען אָבער זיין פון צוויי בלעטער דאָס הייסט די אַנדערע זייט פון דעם ערשטען בלאַט אונ די ערשטע זייט פון דעם צווייטען בלאַט. מען הויבט דעריבער נישט אָן פון זייטע איינס, נאָר מען בענוצט די זייטען צוויי אונ דריי, וואָס ליגען איינע געגען די אַנדערע. ביידע זייטען אין איינעם טהיילט מען איין אין 28 גלייכע קעסטעלעך אָדער ווי מען רופט עס אין דער סוחרישער וועלט „רובריקען“. מען שרייבט אין די רובריקען אויף אַזאַ אופן:

אין דער ערשטער רובריק שרייבט מען איין דעם נאָמען פון חודש, פון דער צווייטער ביז דער זעקסטער רובריק שרייבט מען איין די פערשיעדענע הכנסות, פון וועלכע אַ יוד לעבט, וואָרום וועלכער יוד לעבט דאָס פון איין געשעפט, דאָס רוב האָט יעדער יוד איינינגע פּרנסות. פון רובריק 7 ביז 26 שרייבט מען איין די פערשיעדענע הוצאות, וואָס מען גיט אויס אין דעם משך פון חודש. ביי דער הכנסה לאָזט מען איבער דעם לעצטען רובריק, דאָס הייסט דעם זעקסטען אויף צוזאַמענצורעכנען דעם סך הכל פון די הכנסות אונ ביי דער הוצאה לאָזט מען אויך איבער דעם לעצטען רובריק, דאָס הייסט דעם 26טען, אויף צוזאַמענציעהען דעם סך־הכל פון דער גאַנצער הוצאה. אין די „רובריקען“ פאַר הכנסות שרייבט מען איין אַלע פּרנסות, פון וועלכע מען ציעהט די שטיקעל חיונה: פון געוועלב, פון די האַלבע שטוב, וואָס מען פערדינגט אונ דערגלייכען אונ אין דעם זעקסטען רובריק דעם סך־הכל פון גאַנצען חודש הכנסה. אין די רובריקען פאַר די הוצאה שרייבט מען אַלע הוצאות ווי: דירה־געלד, עסען, קליידער, שכר למוד, וועש, בעהייצונג, בעלייכטונג, דיענסטען, אַ דאָקטאָר, אַיין אַפּטייק, ביכער אונ צייטונגען, שטייער (נאַלאָגען), זייטיגע הוצאות וכדומה. די לעצטע צוויי רובריקען: 27 פערשרייבט מען, וואָס מען לעגט אַוועק אין שפּאַר־קאַסע, אין 28 וויפיעל מען נעמט אַרויס פון שפּאַר־קאַסע. געוועהנליך לעגט מען אין שפּאַר־קאַסע, אַז עס איז דאָ איבריגעס געלד אונ מען נעמט, אַז עס פעהלט, חלילה, אויס צו דער הוצאה.

אַלע הכנסות אונ הוצאות שרייבט מען איין אין בוך נאָר איינמאָל אין חודש. פריהער אָבער פערשרייבט מען די הוצאות אין אַ קליין בעזונדער ביכעל כסדר יעדען טאָג אַלע הוצאות אונ הכנסות אונ פון דאָרט טראָגט מען אַריין יעדע בעזונדערע הכנסה אונ הוצאה אין אַ בעזונדער רובריק פון דעם „הויז האַלטונגס־בוך“.

קען מען די הוצאה פערגרעסערען איז אַוודאי גוט. טאָמער חלילה נישט, זעהט מען באַלד אין „הויז־האַלטונגס־בוך“, פון וועלכער הוצאה, מען קען אָבשפּאָרען, אונ אָהן וועלכער מען קען גאָר אין גאַנצען אויסקומען.

אויף אַזאַ אופן געהט אַלע מאָל די הוצאה בערך נאָך דער הכנסה אונ די בעל־הבית׳טע פערשפּאָרט זיך אונ איהר מאַן אַ סך קאָפּדרעהעניש אונ זאָרגען.

ש — ג.

# אַלערליי.

(די פרויען ביי דער אַרבייט אין אַמעריקאַ). נאָך זיכערע סטאַטיסטישע ידיעות זענען היינט פעראַן אין די פעראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקאַ 3405 ווייבערשע זעלזאָרגער (גלחים אונ פּרעדיגער), 1009 אַדוואָקאַטען, 7396 דאָקטורים, 787 דענטיסטקעס, 3193 צייטונג־שרייבער, 1040 אינזשעניערינען אונ בוימייסטערינען, 1271 באַנק אונ ביוראָ בעאַמטען, 946 וואָיאַזשאַרקעס, 324 קברות־ווייבער, 409 עלעקטריקער, 45 לאָקאָמאָטיוופיהרערינען אונ קאָטשעגאַרקעס (באַהנהייצער), 7 קאָנדוקטערינען, 62 אַנדערע באַהנאַרבייטערינען, 91 שמשים אין קירכען, 5582 פעלדשער אונ פריזירערינען, 167 מולער (מויערער), 1320 יעגער, 79 קוטשערס, 6663 טרעגערינען, 169 שמידען, 8 קעסעלמאַכער (קאָטלער), 1905 פישער, 625 קאָהלענגרעבער. איבערהויפּט איז אין אַמעריקאַ נישט דאָ איין מלאכה, וואָס די ווייבער האָבען שוין נישט געפּרוּווט צו קאָנקורירען אין דעם מיט די מענער, חוץ פון מיליטער אונ שיפּדיענסט.

Herausgeber Verlag »Volksbildung«. Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau. Druck v. S. L. Deutscher, Podgórze b. Krakau